# אַמאָל איז געווען אַ מעשה

פון

אַלעף כּ״ץ

ניו־יאָרק
1944

**אַנדערע ביכער פֿון דעם זעלבן שרייבער:**

אַ מעשׂה פֿון ים און אַנדערע לידער, ניו־יאָרק, 1925

איבערזעצונג פֿון סטיווענסאָנס „אוצר אינדזל", ניו־יאָרק, 1927

אַקערצייט, אַ זאַמלונג לידער, ניו־יאָרק, 1929

דאָס טעלערל פֿון הימל, פּאָעמע, ניו־יאָרק, 1934

פֿון **א** ביז **ת**, ניו־יאָרק, 1939

AMOL IZ GEVEN A MAYSE
(Once There Was a Story)
BY ALEPH KATZ



הויפּט פֿאַרקויף
פֿאַרלאַג „מתּנות"
FARLAG MATONES
22 E. 17th Street
New York 3, N. Y.

Printed in the U. S. A.
129

# אינהאַלט



## אַלאַרם



## אַלף־בית מיט ברויט

דער טינטער פֿון חושך איז איבערגעקערט,
רינט איצט די פֿינצטערניש איבער דער ערד,
איבער די בלעטער פֿון אונדזער געשיכטע,
איבער די לידער פֿון אונדזערע דיכטער.

# אַלאַרם

איל, פייל, יאָג!
שאַל הויך, וואָרט!
גיי, פלי, זאָג,
גרייך ווייט אָרט!

רעד, מאָן, צונג!
מענטש רייס, וועק!
רוף אַלט, יונג,
צינד ים, ברעג!

בלוט, קלאָג בייז,
זיד ווילד, וויין!
האַרץ, שטראָם הייס,
ריר, שמעלץ שטיין!

שלינג רוים, צייט,
שטעך, ברעך ווענט!
זינג ליד, שריי:
וועלט-וואַלד ברענט!

## דער שרייער פון הייסע מינוטן

איך בין דער שרייער פון הייסע מינוטן,
וואָס בריען דאָס האַרץ פון די ברידער.
איך בין דער טרעף־פונקט פון ברענענדע דראָטן,
וואָס צינדן מיט צער די גלידער.

איך בין דער בייזער שליח, דער ברענגער
פון בשורות פון וויסטע.
איך בין דער ציילער און איבערדערציילער
פון טעגלעכן יאָמער אין אונדזער געשיכטע.

אויף מיר איז געפאַלן דער גורל צו ווערן
דער שופר און סופר פון בייז און בזיון,
צו פירן דעם חשבון פון טרויער און טרערן,
צעטראָגן דאָס בת־קול פֿון אונדזערע אויען.

איך קלאַפּ אויף דער שרייב־מאַשין נייעס און נייעס,
עס ציטערן פינגער און שורות.
דורך אותיות שטומע עס קלאָגן לוויות,
עס ליאַרעמען יידישע צרות.

עס וויינט ירמיהו אין טויזנטער העלדזער
און שרייט צו די שטערן אין מדבר,
עס רופט זיין צעבראָכלטע שטימע אויף פעלדער,
אין פינצטערע תפיסות און גריבער.

עס רייסן מיך ריטער פון רויטער רציחה,
עס שלאָגט מיך די בייטש פון בזיון:
ניט אזא צייט איז צו זינגען איצט שירה,
רעווע דעם בראָך איצט פון הדיוט און כהן.

נאָר איך בין אַ שטומער, אַ איוב אָן לשון,
מיט שלאָס אויפן מויל.
גאָט! גיב אַ בליץ די געפּענטעטע ווערטער
און דונערן גיב מיר אין קול.

דורך קלאָגנדע קייבלס, אַלאַרם און דעפּעשן
באַלייכט מיר ישעיה׳ס אַקער,
העלף מיר דעם פיין פון די ברידער צו לעשן
מיט נצח ישראל לא ישקר.

## יידישע נייעס תש״ב

די שרייב-מאַשין ברענט
און איך בין אין פייער.
איך קלאַפּ מיט די הענט,
און די אותיות שרייען:

פון ים — די שיף „נע-ונד״ איז געזונקען.
הונדערטער טאַטעס און מאַמעס און קינדער דערטרונקען.
גרויס איז דער קבר וואָס האָט זיי אַ מקום-מנוחה געגעבן,
נאָך גרעסער די קללה — צום לעבן.

פון לאַנד — די גאַנצע קהילה פון קיינשטאָט איז אונטערגעגאַנגען.
פרויען און קינדער און זקנים דערשאָסן, געהאַנגען.
די שוהל איז צעבראָכן, די ספרים — אין שאַנד,
גאָט האָט פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

פון פעלד — אין אָפענע גריבער, אין מיילער פון ערד,
וויגן זיך גופים מיט האַלב-טויטע בערד.
וואו פעלד איז געווען און געוואַקסן איז ברויט,
לעבט איצט דער טויט.

פון וואַלד — אין וואַלד אויף די וועגן פון שטעטעלע ט.
איז זיך פאַרלאָפן אַ נס:
אַ פויער וואָס איז דאָרט געוועזן אַ שומר,
האָט איינמאָל דערזעען אַ גייעם מין ביימער.
אין טלית און תפילין (עס כאַפּט אָן אַ מורא!)
זיי שטייען און שאָקלען זיך ווײַס און פאַרפרוירן.
פלוצימדערינען דער וואַלד הייבט־אָן ברענען,
עס צישעט פון פייער אַרויס אַ געזיפץ,
אַלע
ביימער
ווערן
פענען —
שרייבן אין הימל אַ פלאַמיק געשריפטס.

דער ים און דאָס לאַנד, דאָס פעלד און דער וואַלד
שרייבן אַ כתב אין אַ שפּיגל.
אותיות שרייען געוואַלד
און פליען מיט ברענענדע פליגל.

עס קלאַפּן די שליסל ווי העק
איבער קעפּ פון די ברידער.
די אותיות פליען אַוועק
און איך פאַל אַנידער.

און דאָס פּאַפּיר איז אַ שטורמישער ים
דאָס פּאַפּיר איז אַ שלאַכטפעלד,
אַ פאַרמעט פון געטאָ אין פלאַם
און איר ווייגענדער נאַכטוועלט.

די שרייב־מאַשין ברענט
און איך בין אין פייער,
עס קלאַפּן די הענט,
און די אותיות שרייען:

פון מדבר — אויף עלענטן וועג אין דעם גרויסן אַליין
וואַנדערן יידן און זוכן אַ היים.
דער האַלדז האָט פאַרגעסן אין הונגער, אין דאַרשט,
דאָס אויג שטעכט די וייטן און נישטערט און פאַרשט.
אויף שטרעקעס פון הפקר אין גליענדן זאַמד
וואַנדערן יידן און זוכן אַ לאַנד.

## ביים שיין פון לבנה

אין אָנדענק פֿון מיין חבר אליעזר לעוו

דאָס ליכט פון לבנה
באַקליידט דעם אָרום,
נאָר ס׳זיינען די קליידער תּכריכים.
פון אַלע פיר זייטן
משונה און שטום
עם לויערן בייזע שליחים.

דער גאַנג פון די שטערן
אין אייביקן איצט
זינגט אויך אַצינד זיינע סודות,
אַנטפּלעקט אונדז באַשיידן
און פינקלט און בליצט
פּונקט ווי צו אונדזערע זיידעס.

נאָר וואו איז דניאל,
אַ זעער וואָס ווייסט
צו לייענען די שריפטן געהיימע —
צו פאַנצערן אונדזערע הערצער מיט טרייסט
אנטקעגן די שפּיזן פון שנאה?

און אויב ניט קיין זעער,
וואו איז אַ מקונן
אויף אונדזער תרצ״ח און תרצ״ט?
וואו איז ער דער קלאַגער
דעם בראָך צו באַוויינען,
די שאַנד און דעם בייזן פאַרראַט?

און אויב ניט קיין קלאַגער,
וואָס לינדערט מיט טרערן,
וואו איז דער נוקם-ונוטר?
עס שעמט זיך דער הימל,
עס שעמען זיך שטערן,
עס שעמט זיך ישראל׳ס לייטער.

מיר שטייעןביים לויטערן שיין פון לבנה
און וואַרטן מיט אונדזער חלום:
אויף אונדזער אייביקן שלום-עליכם,
וואו איז דער עליכם-שלום?

# אין טאָל פון האַרץ

איך לאַך ניט איצט,
ווי זאָל איך לאַכן
אין שפּיגל פון דעם שונא׳ס מעסער?
עס האָבן שליסל פון זיין בליץ
פאַרמאַכט מיין מויל אויף טויזנט שלעסער.

איך וויינען וויין
איך ניט אַצינדערט —
עס האָט דער בראַך מיין קול דערוואָרגן.
פון שונא׳ס אויג און קריץ פון ציין
האָט זיך מיין קלאָג אַצינד פאַרבאָרגן.

אין תהום פון לייד,
אין גיא־צלמות,
איך גיי און גיי — אַ שטומער וועכטער.
געפּענטעט אין מיין אינגעווייד
איז מיין געוויין און מיין געלעכטער.

אין טאָל פון האַרץ,
אין מעמקים,
פאַרזייט איז ביטערניש און טרויער.
זיי וואַקסן דאָרט — פאַרדריקט, פאַרשפאַרט,
און זוכן צו דער וועלט אַ טויער.

אָרום איז טויט
און בלינדער חושך,
דאָס אויג פון טאָג איז איצט צעשטאָכן.
נאָר פּלוצים — און מיין וואַכע הויט
דערשפּירט אין פינצטערניש אַ שכן.

איך זע אים ניט
און קאָן ניט הערן —
ר׳איז אָן געשטאַלט און אָן אַ פּנים.
און דאָך ער פליגלט מיינע טריט
אין טיפן זומפּ פון דער סכּנה.

אַ שנירל ליכט
ביים ברעג פון הימל
פאַרלויפט דעם וועג פון נייע צייטן,
עס שלאָגט זיך אָפּ אין מיין געזיכט
און ווייזט אַ באַרג מיר פונדערווייטן.

און אויפן באַרג
איך שטיי אין וואונדער,
אַ נס צעפלאַקערט די מחשבות.
געלעכטער רייסט מיין האַלדז און וואַרגט:
עס ליגט דער שונא אַ בן־מות.

איך לאַך אַ ווינט,
איך קראַך געשרייען
פון העכסטן באַרג ווי וואַסערפאַלן.
דעם זקן׳ס טרער און לאַך פון קינד,
עס זידן אין מיין הארץ און קוואלן.

אַ שטאַרק מיך גאָט
צו קאָנען לאַכן
די שמחה פון דער וועלט גערעכטער.
אַ זיי מגלה מיר דעם סוד —
איך זאָל נישט אויסגיין פון געלעכטער.

## אונדזער געזאַנג

יידישע דיכטער — ראָבינסאָן קרוסאָס,
אונדזער ליד איז אונדזער לאַנד.
אונדזער ליד — אַן עספּעראַנטאָ,
שלינגט דיסטאַנץ.

פאַרוואָרפן אויף אינדזלען
ווייט און באַזונדער,
מיר זיינען פאַרבונדן
דורך נס און דורך וואונדער.

און זיינען די „פּרייטיקס"
פאַרשוואונדן, אַנטלאָפן —
ווי קאָן מען זיי איצטער
פאַרדענקען און שטראָפן?

איצט ווען שווארץ־יאָרן פון לאַנד קידער־ווידער
שפּרייטן מיט סם,
ניטאָ איז קיין אויער פאַר אונדזערע לידער,
פאַר לירישן גראַם.

נאָר אונדזער געזאַנג — אַ ברענענדער דאָרן,
וועט וואַרטן און ברענען.
אַוועק וועט דער שטורעם און ס'וועט אונדזער פאָלק
אין דעם ליכט זיך דערקענען.

## אַמאָל איז געווען אַ מעשה

אַמאָל איז געווען אַ מעשה
צום זינגען און צום זאָגן,
און געזוכט האָט זי אַ קול,
וואָס זאָל זי אויף דער וועלט צעטראָגן.

האָט די מעשה אומגעוואַנדערט
און דערזען אַ בוים אין פעלד:
בוים, דורך דיינע גרינע בלעטער
זינג, דערצייל מיך צו דער וועלט.

זאָגט דער בוים: איך וואָלט דיך זינגען,
נאָר מיין שטים וועט ווייט ניט גיין,
צו דער ערד בין איך געבונדן,
מוז דאָ שטיין אין פעלד אַליין.

און ביי זיך אין הארצן טראַכט ער:
העט אַ ביסל! אָט אַ בלאָזן!
כ'האָב מיין אייגן ליד צו זינגען,
און איך בין ניט קיינעמס חזן!

ניין, מיין טייערס, זאָגט ער ליבלעך,
מיין געזאַנג וועט דיר ניט טויגן.
און ער שיקט זי אָפּ צום פויגל,
וואָס איז גראָד דאָן אָנגעפלויגן.

נאָר דער פויגל האָט אַ תּירוץ,
אַז ער זינגט ניט אויף באַשטעלונג:
ער קאָן זינגען נאָר פון האַרצן,
ווען ער האָט דערצו אַ ווערלונג.

גיי בשלום, זאָגט דער פויגל,
און ער גיט איר בלויז אַן עצה:
גיי צום ווינט — ער וועט דיך זינגען
און דיך טראָגן אויף זיין פּלייצע.

גיי צום ווינט — ער וועט דיך זינגען
איבער ימים און יבשה...
— שווייג! גענוג שוין! זאָגט די מעשה,
און אַנטלויפט פון פויגלס דרשה.

ווי זי לויפט אזוי און יאָגט זיך
איבער בערג און איבער טאָלן,
זעט זי ווי עס שטייט אַ ווינטמיל
און די פליגל אירע מאָלן.

גייט זי צו און זאָגט איר ווילן
און נאָך וואָס זי איז געקומען.
מאַכט דער ווינט: ווי זאָל איך זינגען,
אַז מיין קול איז נאָר צום ברומען?

און פון ברום וואָס ווערסטו האָבן,
ווילסט דען נאָר מען זאָל דיך הערן?
חוץ צו זינגען און צו זאָגן,
ווילסט דאָך אויך פאַרשטאַנען ווערן!

און פאַרשטאַנען ווערן קאָנסטו,
און אַ זין באַקומען, כלעבן,
נאָר דורך ווערטער און אַ ניגון,
וואָס אַ דיכטער וועט דיר געבן.

קום מיט מיר, איך וועל דיך פירן
און דיך ברענגען צו אַ דיכטער,
זאָגט דער ווינט, צעשפּרייט די פּאָלעס,
לאָזט זיך לויפן אַ פאַרגיכטער.

ביי דער שרייב-מאַשין צעטראָגן
און צעשויבערט זיצט דער זינגער,
ווי אַ שפּילער אויף אַ פּיאַנאָ
קלאַפּט ער פלינק מיט זיינע פינגער.

קלאַפּט די אותיות די קליינע
און עס מערן זיך די שורות,
לאַנגע שוואַרצע פּאַסן שטראָמען
פינצטערניש און וויסטע בשורות.

פּלוצים בלאָזט אַ ווינט אַ מילדער,
הייבט דער דיכטער אויף די אויגן
און דערזעט די געסט די שטילע
שטייען איבער אים געבויגן.

זאָגט די מעשה: דיכטער, דיכטער,
כ׳קום ביי דיר דיין קול אַנטלייען,
זאָלסט מיך זינגען און דערציילן
און פון שטומקייט מיך באַפרייען.

פון אַ וואַנדער־וועג אַ ווייטן
און וואָס האָט ניט קיין צוריקן,
כ׳קום צו דיר געבוירן ווערן
און איך בעט ביי דיר אַ תּיקון.

ווערט דער דיכטער אויפגעשווידערט
און עס כאַפּט אים אָן אַ ציטער.
דו? אַצינד? אוי וויי געשריגן!
שרייט ער אוים אָן אָפּגעבריטער.

זינט דעם טאָג פון מיין בראשית,
זינט דער ערשטער טעם פון ווערטער
האָט מיין צונג גענומען ברענען,
כ׳וואַרט אויף דיר, אויף מיין באַגערטער.

זאָלסט דעם ברען פון צונג פאַרהיילן
און דאָס שטומע האַרץ דערקוויקן,
אָבער איצט, אַ ליד פון לידער,
כ׳מוז אין גלות דיך פאַרשיקן.

ס׳איז די וועלט אַצינד אין חושך
און מיין קאָפּ אויף שבעה ימים
מיט די ברידער און די שוועסטער,
מיטן יאָמער פון די שטאַמען.

און מיר מוזן ווייטער וואַרטן,
ווייטער שווייגן ווי געשוויגן,
ביז די וועלט וועט לויטער ווערן,
וועלן הערן אונדזער ניגון.

גיי און וואַרט . . . אַ ווינט אַ שטאַרקער
האָט דעם דיכטערס קול פאַרשלונגען,
און געבליבן איז די מעשה
ניט געזאָגט און ניט געזונגען.

# בטחון

מיר שטייען ביי דער טיר פון נס,
זי מוז זיך עפענען.
אַניט — איז דאָך עק וועלט!

## דער הימלקראַצער רעדט

איינגעקאָוועט בין איך אין דער ערד
און כ׳קאָן, לפּנים, זיך אַפילו ניט אַ ריר טאָן.
אָבער דער וואָס האָט מיך אויסגעטראַכט
און די וואָס האָבן מיך געבויעט און געמאַכט
און מיין גוף דערצויגן אין דער הויכער ווייט אַריין,
האָבן מיר געגעבן פּיס אין מיינע אויגן.

מיין קאָפּ איז אויף שרויפן
און דרייט זיך אַרום,
איך לויף מיט די אויגן
און גרייך אומעטום,
רונדאַרום,
רונדאַרום.

איך זע די לאַנגע טייכן מיט די גלאַנצנדיקע פּעל
לויפן צו דעם ים מיט בענקעניש און באַנג.
איך זע דעם ים אַליין — אין זיין געפאַנגענעם געדראַנג.

איך זע די גרינע פּרייד אויף זומערדיקע פעלדער
און די אומעטיקע רו פון ווינטערדיקער ווייס.
איך זע ווי סודות שוועבן איבער טאָל און באַרג
פון די נעסטן זייערע אין טיפע וועלדער.

איך זע אַן עראָפּלאַן אין איינזאַמען געפלי
ציען אין דער לופט אַ בריק.
איך זע די שיפן אויפן ים
אין אייביקן געיעג נאָך גליק.

איך זע די שטעט און שטעטלעך,
אָנגעהאָרבעטע אין טאָלן:
קליינע וועלטן פול מיט היינט
און מיט אייביקע אַמאָלן.

איך זע און זע,
אָבער ס'האָט מיין אויג-וועג דאָך אַן אָפּשטעל אין דעם רוים,
ווען מיין בליק דערגרייכט די וואַנט פון תהום.
נאָר איינמאָל אַ פרימאָרגן —
די לופט געוועזן איז יונג און קלאָר —
האָט זיך פלוצים אָפּגעשיילט די ווייט,
אָפּגעווישט געוואָרן איז די העט-העט-העט
און אַנטפּלעקט פאַר מיר אַ לאַנד אין ווייטקייטן פאַרבאָרגן.

אַן אויגנבליק! און כ׳האָב דערזען אַ נייע וועלט!
אַן אויגנבליק — און ווידער אוים!
אַ מאַנטל האָט די וויזיע פאַרצויגן און פאַרשטעלט.

אוועק דערנאָך אַ צייט:
טעג, חדשים — לאַנג ווי יאָרן,
נאָר די קורצע זעאונג פון דעם לאַנד,
טיף פאַרוואָרצלט אין זכּרון,
גיט מיר ניט קיין רו.

בענקשאַפט פייניקט מיך צו כאַפּן נאָך אַ קוק אַן איינציקן.
איך שיק מיין בליק,
איך קוק, איך נישטער
און אַקער ווייט און ברייט דעם רוים,
זוכענדיק דאָס אומבאַקאַנטע לאַנד פון טרוים,
וואָס האָט אַ בליץ געטאָן און אויפגעהיצט
מיין שטאָלן האַרץ —
נאָר מיינע בליקן פאַלן קורץ און אויסגעשעפּט.

איך פרעג ביי די וואָלקנס,
איך פרעג ביי דעם ווינט,
נאָר אַפּילו זיי
זיינען בלינד.
אַפּילו זיי — די פליענדיקע וואונדערלעכע וואַנדערער —
האָבן קיינמאָל ניט באַגעגנט אויפן וועג
דאָס ווייטע לאַנד פון אַט דער וועלט דער אַנדערער.

דאָס ווייטע לאַנד!
וואָס האָט געררייצט מיך מיט אַ בליצנדיקן זיין —
אַ פייערפליג אין דעם געצעלט פון פינצטערניש!
דאָס ווייטע לאַנד,
וואָס האָט צו מיר גערופן מיט אַ לעשנדיקן ברענען,
אָבער קיינמאָל ניט צו לאָזן זיך דערקענען!

דאָס לאַנד צו זעען
איז מיר טאַקע קיינמאָל מער שוין ניט געווען באַשערט,
(כאָטש די האָפנונג מיינע לעבט און וועט נאָך לעבן),
אָבער הערן האָב איך שוין דאָס לאַנד געהערט
אין אַ געזאַנג פון שטורעמדיקער מאַכט און גלויבן.

איך געדענק נישט ווען דאָס איז געשען,
אינמיטן טאָג צי גאָר ביינאַכט,
ווען ס'האָט אַ ווינט פון קולות
מיך פון האַלב־שלאָף אויפגעוואַכט.

באַקאַנטע זיינען דאָס געווען געשרייען,
געקומען זיינען זיי פון גאַסנטאָל ביי מיינע פיס.
פון אַלע סקווערן, אַלע גאַסן און אַלייען
האָט אַרויפגעשפּיזט דער דראַנג פון אַ דערוואַכטן ריז.

עס האָט דער קלאַנג געוועבט זיך און געצייכנט
דעם שטרעב פון מענטש — צו ווערן לויטער מענטש.
אין דעם געזאַנג איך האָב געהערט דעם גאַנג פון גראַדן שכל,
וואָס איז געשטויגן, האָט געלייטערט און געבענטשט.

און אָנגעצונדן האָט זיך אַ צעפלאַמטע זון,
מיט זיג געלויכטן האָט איר פּנים,
ווען שטים פון עבר האָט דערהערט אַ ווידער־קול:
והיה באחרית הימים!

איך האָב זיך אויסגעריסן פון דער ערד
און האָב גענומען פליען ווי אַ פויגל אַ באַפרייטער:
די צונויפגעשמעלצטע שטים פון דעם אַמאָל און היינט
האָט מיך געטראָגן ווייט און ווייטער.

איך בין געפלויגן און געפלויגן און געשריגן:
דאָס לאַנד! דאָס לאַנד פון מיין פאַרלאַנג!
און אומעטום האָב איך געהערט דעם זעלבן ניגון,
אומעטום דאָס גליקלעכע געזאַנג.

נאָר פלוצים איז דאָס ליד צעשמעטערט געוואָרן
פון אַ ווילדער קווייטשעריי.
ס'האָט צעבראָקלט זיך דעם הימלס שפּיגל!
ס'האָט גענומען רעגענען מיט שרעק,
ווען אָדלערס מעכטיקע, וואָס האָבן אין דער לופט געפליגלט
און געדרייט זיך אין אַ יובעלדיקן קרייז,
זיינען גאָר געוואָרן — פלעדערמייז!

זייער קוויטש האָט אָפּגעהילעכט ווילד און מיאוס
און דאָס ליד פון לויטערקייט פאַרשוואַרצט.
ס'האָט די וועלט געריסן קריעה
און געכליפּעט האָט איר האַרץ.

מיין פרייע שטים האָט זיך פאַרלאָשן,
דער שטורעם האָט די פליגל מיינע אָפּגעפּליקט.
איך בין צוריק צום וואַרצל צוגעשמידט געוואָרן —
פאַרשטאַרט, דערשטיקט.

איך האָב דערהערט אַ יאָמערדיק געוויין.
עס איז געוואָרן נאַכט.
און ווידער שטיי איך דאָ אַליין,
אַליין,
און קוק און טראַכט.

## נאָקטורן אויפֿן ים

אויפגעפרעסן דעם הימל,
איינגעשלונגען דעם ים
האָט די נאַכט
און גליוורעט אַ פעטע אַ זאַטע אין דער לופט:
כאָטש שנייד זי מיט אַ מעסער.

די שיף, מיט שנאָבל אין פאָראויס,
איילט זיך אין דעם מויל אַריין,
יאָגט זיך אין דעם גרויל אַריין
פון דער פנים'לאָזער חיה,
אַקערט די געדיכטעניש,
גראָבט זיך דורך דער פינצטערניש,
קריכט דורכן בויך פון אַ שלאַנג — אַ באַרג.

ווילדערניש פון חושך,
שלאַנג, וואו איז דיין ברעג?
ענטפערט ניט דער חושך,
ענטפערט ניט די שרעק.

און אַ בת־קול,
וואָס דערמאַנט דעם אויפגאַנג פון דער זון,
רעדט דאָס לשון פון אַ נס,
וואָס לאָזט זיך ניט פאַרשטיין.

## צווישן ווענט

די דיק פון ווענט האָט שטום געמאַכט
און אומגעבראַכט דאָס קול פון וויי.
אויסגעליידיקט זיינען אַלע ווערטער־קוואַלן
און פוסט די נעסטן פון געשריי.
ניין! ווענט האָבן ניט קיין אויערן!

ווענט זיינען טויב און קאַלט און שטום
און ניט צום רירן,
זייער פּנים טריפט מיט גלייכגילט
ביז צום פרירן.

אויף יעדער וואַנט אַ פאַנצער פון אַ דיקער פעל
ברעכט די שטאַרקסטע שאַרפע שנאָבלען
פון די ווילדסטע ווערטער־פייגל.
און ווערט דאָס וואָרט אַ פייל,
און ווערט דאָס וואָרט אַ שפּיז —
גליטשען זיי זיך פון דער פעל אַראָפּ
און פאַלן מאַכטלאָז צו די פיס.

ניין! ווענט האָבן ניט קיין אויערן!

וואַלטן ווענט געהערט,
געדונערט וואָלט איעדער שטיינדעלע אין זיי
און יעדער זעמדעלע געשריגן: הערט!
הערט! הערט!

נאָר ווענט זיינען טויב און קאַלט און שטום
און ניט צום רירן,
זייער פנים טריפט מיט גלייכגילט
ביז צום פרירן.

# אומפאַרמיידלעכקייט

פון דעם קעלער ביזן דאַך
יאָגט און קוילערט זיך אַ לאַך,
און עס ציטערט הויך און נידער.

ווײַ, עס ווײַנט דער טאָג!
ווײַ, עס שטיקט די נאַכט זיך אין איר פינצטערניש!

יעדער שעה — אַ מויל מיט שאַרפע ציין,
וואָס בײַסט און שפּיזט און טיפּט זיך אין דעם ביין,
און אָטעמט גרוילן.

אין דער זעג פון סוף
פאַרמערן זיך די ציינער־שפּיצן:
קיינער קאָן שוין איצט ניט,
קיינער קאָן שוין ניט באַשיצן.

יעדער טאָג — אַ שליסל, אַ שליח —
שליסט פאַנאַנדער טיר און טויער,
און די זיכערקייט פון סוף
ברענגט אַ ברענענדיקן אָנזאָג צו דעם ציטערדיקן אויער.

ווער עס הערט דעם לאַך,
געוועקט זיך קעגן אים מיט שטומפּיקע פּלי־זיין,
וויל די ווילדע שטים מיט טרייסטן גאָלדענע
פֿאַרשרייען,
מיט געזאַנג און שטאָלצע טענצערייען.

נאָר דער גאַנג איז זיכער, פּעסט און שטאַרק.
עס רוקט זיך נענטער, אומפֿאַרמיידלעך
מיט זיין וואָג דער באַרג.
און מוזט זיך בוקן, מענטש,
דו מוזט זיך בוקן שטומערהייט
און בענטשן.

# באַלאַדע פון דאָן אַברהם משה דילאָן

אויף סעקאַנד עוועניו,
ביי דער צוועלפטער סטריט,
האָט ער געשטורעמט מיט זיין ליד —
דאָן אַברהם משה, דער דיכטער־קיכאָט,
געריטערט אויף זיין ראָזינאַנטע־געזאַנג
באַפרייען די דיכטונג פון געפאַנג.

געפילדערט מיט ליבשאַפט,
געווילדערט מיט האַס
האָט דאָן אַברהם משה, דער כּעסן־טרוימער,
געהיט דעם ראָיאַל־קאַפע מאָנפּאַרנאַס
האָט ער ווי אַ געטרייער שומר.

זיין וואָפן — ניט קיין שפּיז, קיין שווערד,
ווי ביים אַלטן פון לאַ מאַנטשאַ,
אַ וואָגשאַל פאַר טאַלאַנט
האָט אים געלערנט נאָכאַנאַנד
אָן רחמנות שעלטן, אָדער בענטשן.

געפירט מלחמה פאַרן ליד,
פאַרגעסן אָפט אין ברויט אַפילו, כלעבן,
געווײנט ווען ליבע,
געזונגען פון טויט
האָט דאָן אַברהם משה זיין גאַנץ לעבן.

און ווען דער טויט האָט אים געכאַפּט אינמיטן וועג,
האָט דאָן אַברהם משה זיך ניט געווערט,
ער האָט זיך נאָר צעלאַכט פון איבערראַש,
און אַזוי האָט מען אים אַריינגעלייגט אין דרערד.

אַזוי איז אַברהם משה געשטאָרבן מיט זיין ליד.
געוויינט האָט די עווענין,
געטרויערט די סטריט.

# רעדט דער פּאָעט

מיט אַ שטים פון טויזנטער שפּראַכן
איבערן ברייטוועג און איבער די שליאַכן
פון דערפער און שטעט —
רעדט
דער פּאָעט.

מיט אַ שפּאַן פון פיס מיליאָנען
מיט שנעלקייט פון יונגע ציקלאָנען
אין ווילדן געוועט —
גיכערט און וויכערט און
רעדט
דער פּאָעט.

מיט עקשנות פון ים
און זיין באַרגיקן יאָג צו די ברעגן
אין אייביקן ברויז און געשטוים צווישן זאַמד
און צעבויטעטע וועגן —
רוט ניט און שטורעמט און טורעמט און
רעדט
דער פּאָעט.

מיט שווערקייט און צומרוי פון זיכערן וואַרטן
פון גרעזל וואָס רוקט זיך פון שטיינערנער ערד
מיט שמחה פון ווערן
און בענקשאַפט צום פעלד דעם געגאַרטן
וואָס אים איז באַשערט —
לאַנגזאַמט און קלאַנגזאַמט און דראַנגזאַמט און
רעדט
דער פּאָעט.

## מײַן טאַטנס בוך

אין דעם פּרדס פון מײַן טאַטנס לעבן
װער איך אײנס מיט דורות פון אַמאָל,
כ'הער די שטים פון זײדעס און פון עלטער־זײדעס,
כ'װער אַלײן אַ בת־קול און אַ קול,
װאָס רופט פון װײַטן עבר צו דעם טיפן שפּעטער.

עס כאַפּט מיך אָן אַ ציטערפרײד
װי בלעטער אויף אַ בוים אין פרילינג:
איך בין דער יונגער בלאַט,
דער צװײַג,
דער בוים,
און װידער בלאַט און צװײַג און בוים —
אַלע דרײַ אינאײנעם און באַזונדער,
כ'האָב קפיצת־הדרך צו דעם װאָס געװען,
איך בין די האַרטע װאָר און איך בין װאונדער.

איך זע דעם ים װאוהין עס ציען זיך די טײַכן פון די יאָרן —
אַ לאַנגער שטראָם פון אײביקײט ביז אײביקײט.
אַלץ װערט קלאָר און לױטער — איך דאַרף מער קײן זכרון,
עס פאַרשװינדט די גרעניץ צװישן צװײפלעניש און גלײביקײט.

איך זע דעם גרינװאַלד פון חלומות
אַנגעגרײט פאַר אײניקלעך ביז לעצטן דור,
מײַן טאַטע איז אין מיר און איך אין מײַנע קינדער,
מיר װערן אַלע אײנס אין אײן פאַרקניפּטער װאָר.

# ליכטיקע רגע

ווידער אין נעפּל דאָס האַרץ און דאָס אויג
און דער גאַנג איז צעצעגערט.
אָ ליכטיקע רגע,
שלינג־איין דעם פֿאַרבלענד
און דעם וועג וואָס איז גרוי
און פֿאַרפֿרעגערט.

אָ ליכטיקע רגע,
פֿאַרזעלטנט און קנאַפּ —
נס אין דעם טינטער פֿון חושך!
צעשטורעם די ברעגן,
דעם תּוהו צעטרייב,
צעשטראַל מיט אַ נייעם בראשית.

# האַוואַנער נאַכט

אויף פּראַדאָ ביי די טישלעך
זינגט די תּאווה היים און באַנג,
און אָרימקייט, מיט זשעדנע בליקן,
קלייבט די קרישלעך פון געזאַנג.

די קאַפּיטאָליאָ (פּאַרדריקטע פּויסט) איז העל צעצונדן,
גליט מיט ווייסקייט אין דער נאַכט —
אַ ווייסע כּלה פול מיט וואונדער
און מיט וואָרנענדיקער מאַכט.

צעטראָגענע טוריסטן טרינקען באַקאַרדי
און שיינקייט פון קובאַנער טעכטער.
עס היפּערט האַרץ פון ער און זי
דורך אויגן־גלאַנץ און דורך געלעכטער.

אין אַ ווינקל ברומט אויף סטרונעס טריבע
בענקשאַפט פון גיטאַרע־לשון:
פאַר אַן אָפּגענאַרטער ליבע
בעטלט מען אַ גראָשן.

און די פראַדאָ רייצט און פלייצט
מיט צוזאָג ווילדן און פערפום,
לויפט צום ים־ברעג, קומט צוריק
און שיקט אויף געסלעך זייטיקע אַרום.

און דאָ, דורך גראַטעס אייזערנע, עס רופן אויגן:
פסםט... ליבע צום פאַרדינגען!
קום אַריין, דאָ לייכט דער רעגנבויגן
און די שטערן זינגען!

# אויפן ים

צעשמאָלצענער מאַרמאָר — צעשטורעמט, צעוויכערט —
שמייכלט ווײַס און ווילד און גיכערט,
לאַכט מיט אויגן גרוי און גרין
צו דער זון און צום אַהין.

האַרץ צעבויטעט, אויפגעשוואָלן,
טורעמט זיך אויף בערג און טאָלן.
טאָל ווערט באַרג און באַרג ווערט טאָל:
עס טאַנצט דער איצט מיט דעם אַמאָל.

מאַכט צעכראַסטעטע, צעלאָזטע —
גרויסקייט ווילדע אָן אַ ווילן —
שרייט געזאַנג און הילכט און רייסט זיך
מיט דער אייביקייט צו שפּילן.

## פאַרגענגלעכקייט

עס לעבט די גרינקייט לענגער פון דער בלום,
אָבער אויך די גרינקייט גייט פאַרביי.
עס לעבט די טאַט פיל לענגער פון דעם רום,
וואָס האָט באַגלייט דעם טוער אומעטום,
אָבער אויך די טאַט האָט איר פאַרגיי.

געמאָסטן איז דאָס זיין פון אַלע זאַכן
ווי דער אויפבליץ פון אַ פייערפליג.
עס האָבן מילב און ריז באַזונדער שפּראַכן,
באַגרייפן אַנדערש הויכקייטן און פלאַכן
און די מאָסן פון מפּלה און פון זיג.

דער איינציקער „געוויס", מעסערדיק און וואָר,
איז נאָר דאָס לשון פון פאַרגענגלעכקייט.
ווערן, ווערן־אויס — דאָס אומפאַרמיידלעך פּאָר,
וואָס זינגט און וויינט פון דור צו דור,
האָט דעם אָפּגלאַנץ פון דער איינציקער פאַרשטענדלעכקייט.

## אין דעם וואַלד פון וואָרט

אין דעם וואַלד פון וואָרט
פאַרלירן זיך די אותיות,
פאַרשוועבן פון די ערטער.
אין דעם וואַלד פון זאַץ
פאַרלירן זיך די ווערטער.

אין דעם וואַלד פון ליד
פאַרלירן זיך די זאַצן,
ווערן איין צעגליטער מיין פון אַ געבעט,
אין דעם וואַלד פון דער פּאָעזיע
ווערט פאַרלוירן און געבוירן דער פּאָעט

# אַלף־בית מיט ברויט

מיינע קינדער עסן
אַלף־בית מיט ברויט.
**א, ב,** און **ג** — גוטער,
און זיי עסן ברויט מיט פּוטער.
מיינע קינדער עסן
אַלף־בית מיט ברויט.

מיינע קינדער טרינקען
אַלף־בית מיט מילך.
**ד, ה** און **ו** — איז וויל איך,
און זיי טרינקען פויגעלמילעך.
מיינע קינדער טרינקען
אַלף־בית מיט מילך.

מיינע קינדער זינגען
אַלף־בית מיט גראַם.
**ז, ח** און **ט** — איז טרייע,
און זיי זינגען לידער נייע.
מיינע קינדער זינגען
אַלף־בית מיט גראַם.

מיינע קינדער לויפן
אַלף־בית מיט פּים.
**י** און **כ** און **ל** — לייצעס,
און זיי נעמען פּים אויף פּלייצעס.
מיינע קינדער לויפן
אַלף־בית מיט פּים.

מיינע קינדער טאַנצן
אַלף-בית מיט טאַקט.
מ און נ און ס — סאָדע,
און זיי טאַנצן לויט דער מאָדע.
מיינע קינדער טאַנצן
אַלף-בית מיט טאַקט.

מיינע קינדער שפּילן
אַלף-בית מיט פרייד.
ע, פּ און פ — איז פידל,
און זיי שפּילן מיר אַ לידל.
מיינע קינדער שפּילן
אַלף-בית מיט פרייד.

מיינע קינדער שרייבן
אַלף-בית מיט טינט.
צ, ק און ר — איז ריכטיק,
און זיי שרייבן ריין און ציכטיק.
מיינע קינדער שרייבן
אַלף-בית מיט טינט.

מיינע קינדער לערנען
אַלף-בית מיט ברויט.
ש און ת — דאָס איז די תורה,
און זי איז די בעסטע סחורה.
מיינע קינדער לערנען
אַלף-בית מיט ברויט.

## אַכט קליינע ברידער

אַכט קליינע ברידער
פון אַ גרויסן פלאַם
זינגען שטומע לידער
פון אַ בראַוון שטאַם.

פון אַ שטאַם פון קריגער
מוטיק און געטריי,
און פון שטאָלצע זיגער
איבער שקלאַפעריי.

אַכט שטומע עדות
אייער ליכט דערמאָנט
אין די עלטער-זיידעס
**פון אַ ווייטן לאַנד.**

## ווען איז פּורים?

— ווען איז פּורים?
ווען איז פּורים?
פרעגט אַ ייִנגל ביי דעם אינדיק.

— אָדער אָדר!
אָדער אָדר!
שרייט דער פויגל בייז און צינדיק.

— אָדער וואָס?
דו רויטע נאָז!
אָדער וואָס און אָדער ווען?
פרעגט דאָס ייִנגל מיט אַ ברען.

— אָדר אַלף אָדער בית!
ענטפערט אים דער אינדיק הייס.

שרייט דאָס ייִנגל:
כ'ווייס, איך ווייס,
אַז אָדר אַלף אָדער בית!
כ'ווייס, ווי דו
אַ גוטן יאָדער,
אַז ס'איז 14 טאָג אין אָדר!
זאָג מיר בעסער,
יאָדער־פרעסער,
וויפיל איז נאָך דאָ צו וואַרטן?

פילט דער אינדיק
זיך פאַרזינדיקט,
ענטפערט מיט אַ קול אַ צאַרטן:

— ווען דער הימל
ט׳ווערן לויטער,
און די זון וועט ווערן רויטער,
און דער טאָג
וועט ווערן העלער,
און דער פּוס
וועט ווערן שנעלער,
און די האַנט
וועט ווערן זיכער,
און דאָס האַרץ
וועט קלאַפּן גיכער
און די לופט
וועט ווערן פרייער —

קומען וועט
דער טאָג דער נייער,
קומען וועט
דער נס פון פּורים,
פאַלן וועט
דאַן המן׳ס טורעם,
גראַגערס וועלן
טומלען, רעשן,
מען וועט עסן
המן-טאַשן!

# אַפּרילינג

יונג איז אַפּריל,
איז כּמעט אַן אַפּרילינג,
אָבער עס פּליט שוין
אויף דעכער דער פרילינג.

שוואַרץ און פאַרכמורעט
און בייז ווערט דער ווינטער,
גייט ממש אַראָפּ פונעם זינען:
אַט ער באַווייזט זיך
און אַט־אָ פאַרשווינדט ער,
קאָן זיך קיין אָרט ניט געפינען.

נאָר ביסלעכווייז ווערן זיי
איינגעוואוינט ביידע,
ווערן חברים —
דער יונג און דער זיידע.

שפּילט זיך דער צווילינג
פון יוגנט און עלטער
און וויל זיך שוין מער ניט צעשיידן:
אַט־אָ ווערט וואַרעם
און אַט־אָ ווערט קעלטער
און אַט אַ געמיש פון זיי ביידן.

אָבער די צייט איז אַ שטרענגער צעשיידער —
האָבן אַ טאָלק דאַרף איר גאַנג און אַ סדר.

שיקט זי דעם מאַי מיט אַ שנעלן באַפעל,
גיט זיך דער מאַי אַ צעבלי, אַ צעהעל,
אומעטום שטראַלט ער און אומעטום גרינט ער...
און אַז דער צווילינג דערזעט דאָס, פאַרשווינדט ער.

פרייט זיך דער מאַי און צו זינגען באַגערט ער,
אָבער צו זינגען איז לאַנג ניט באַשערט אים,
ווייל איידער ער קוקט זיך אַרום און אַרומער,
שטייט שוין ביים שוועל אַ צעפלאַמטער — דער זומער.

## צוויי ברוינע בערן

צוויי ברוינע בערן
זיצן און קלערן:
וואָס וועט זיין דער סוף?
ווייסט עס דער רוח
ווי ס׳האַלט מיטן לוח,
צי דאַרף מען שוין אויפשטיין פון שלאָף?

מאַכט איין בערל צו דעם וואַלד:
ס׳איז ניט וואַרעם, ס׳איז ניט קאַלט,
דאַרף מען אויפשטיין שוין, ר׳ טאַטע?

וויל דער ווילדער וואַלד ניט הערן
וואָס עס פרעגן אים די בערן,
און ער מאַכט זיך טאַמעוואַטע.

הערן בערן אויף צו קלערן
און צערעווען זיך ביז טרערן,
שטייען־אויף און לויפן מיט די קרומע פיס.
און דער וואַלד,
פון זון באַשטראַלט,
שמייכלט פאָטערלעך און זיס.

## ווען דער וואונדער

ווען דער
וואונדער
פון דער
זון, דער
רונדער
וואַנדערין פון הימל,
הייבט־אָן
וועקן
גאַסן
קאַלטע
פון דעם ווינטערדיקן דרימל —
ווען די דעכער
פליען העכער
פון די טויבן
דאָרטן אויבן,
און די טראָטוארן
נאַרן
און פאַרנאַרן
קליין און גרויס
פון די הייזער
אויף דער גאַס אַרויס —
ווייסעך,
אַז ס׳איז ערב־פסח.

# מאַי

גרינע שטראַלנדיקע בלעטער —
יונגע זינגער פון דער זון,
צינגער מעכטיקע פון ביימער
און פון גראָזן אומעטום,

לאַכנדיקע וואַסער־שטראָמען,
פייגל מיט און אָן א נאָמען,
האָפערדיקע לינדע ווינטן
פון א כּישוף א צעגרינטן —

פליען לויפן גלויבעריק
פון האָצעפּלאָץ קיין בויבעריק,
פילן־אָן די לופט מיט שטימען,
ברענגען צו דער וועלט א סימן
פון א נייער פרייד —
און די וועלט פאַרשטייט.

## דאָס יאָר

ווינטער — ווייס און ווילד,
פרילינג — גרין און מילד,
זומער — זון און בלוי,
האַרבסט — ברוין און אוי!

## אַ קו איז געפֿלויגן איבערן דאַך

אַ קו איז געפֿלויגן איבערן דאַך
און האָט געלייגט אַן איי.
די זון האָט געשיינט אַ גאַנצע נאַכט
און ס'איז געפֿאַלן אַ שניי.

האָט דאָס איי זיך אויסגעבריט
אין דעם שניי פֿון פֿרילינג,
און עס האָט אַרויסגעבליט
פֿון דעם איי אַ צווילינג.

אַ פּאָרל ברוינע קעלבעלעך
מיט פֿעלן ווייס ווי סמאָלע,
גרויסע קעפּ ווי שוועלבעלעך,
גראָבע פּיס — הבדלות.

האָט דער קוימען זיך צעלאַכט,
זיך געטאָן אַ הוידע,
און פֿון חלום האָט דערוואַכט
דער פֿאַרקלערטער בוידעם.

איז פון בוידעם אין גאַלאָפּ
אַ יאַריד אַרונטער —
מ׳איז געלאָפן קאָפּ־אויף־קאָפּ
אַ קוק טאָן אויף דעם וואונדער.

שטייט דער צווילינג און ער זינגט
און ער וויינט בו־הו!
איך בין צוויי,
און איך בין — לינג!
וואו איז אונדזער מאַמע, וואו?

טאַנצן אַלע אין אַ ראָד,
צוויי און לינג אינמיטן,
לויפט זיך אָן די גאַנצע שטאָט
אויף וועגענער און שליטנס.

ווי עס גייט דאָרט אָן דער טאַנץ,
קומט צופליען אַ גרויסע גאַנדז,
און זי גאָגערט
און זי זאָגערט,
און זי הערט ניט אויף צו טענה׳ן:
אַט־אַ בין איך, קינדער מיינע!

לאכן אלע, לאַכ־כאַ־כאַכן,
און מען הייבט אָן חוזק מאַכן:

העז אַ ביסל אַ השגה
פון אַ גענדזל אַ משוגע,
זי איז צעטראָגן, כלעבן!
הער נאַר, הער נאַר,
זי'ט נאָך זאָגן באַלד אַז זי האָט הערנער
און וועט נעמען שרעקן: בו־ו־ו!
היט זיך, כ'בין אַ ווילדע קו!

נאַר די גאַנדז, זי וויל ניט הערן,
הייבט־אָן שרייען, ברייען, שווערן,
און זי דינגט זיך
און צעזינגט זיך —
זאָל זי האָבן אַזאַ יאָר,
ווי זי זאָגט די ריינע וואָר!
זאָל זי זיין אַזוי אַ דאַמע,
ווי זי איז דעם צווילינגס מאַמע!

און די קעלבעלעך די ווייסע
(הערט אַ וואונדער, הערט אַ מעשה!)
געבן פלוצים זיך אַ שטעל,
בלייבן זיצן אָן אַ פעל,
איבעררא̈שן יעדערן
מיט פליגל און מיט פעדערן,
ווערן גאָנערלעך אַ פּאָר,
עס זאָל פעלן נאָך אַ האָר!

און אין ענגעניש און טומל
פליען זיי אַוועק אין הימל,
און מיט זיי די מאַמע גאַנדז
אין אַ שוועבנדיקן טאַנץ.
בלייבט דער עולם מיט אַ נאָז,
און מען ווייסט ניט וואָס איז וואָס.

איינס אָבער זעט מען שוין קלאָר ווי די נאַכט,
מען זעט אַז די גאַנדז האָט דעם אמת געדאַכט.
האָט מען חרטה אויף דעם שפּעטן
און מען נעמט זיך ביי איר בעטן:

גאַנדז, גאַנדז, קום אַרונטער
און אַנטפּלעק דאָס גרויסע וואונדער!
מיר בעטן צו דיר אַ בעטעניש,
קלער אונדז אויף דאָס רעטעניש!

איז די גאַנדז ניט איינגעשפּאַרט
און זי לאָזט אויף זיך ניט וואַרטן.
נעמט די גאַנערלעך די צוויי,
פליט אַראָפּ אויף דרערד מיט זיי.

אָבל, באָבל, גאָבל, דאָבל!
עפנט זי איר רויטן שנאָבל,
און מיט אַ ניגון גאָר אַ וואוילן
הייבט זי אָן אַזוי דערציילן:

געשען איז די מעשה אַזוי און אַזוי:
אָט־דאָ ניט לאַנג, איך געדענק ניט גענוי,
נעכטן, צי מאָרגן, צי גאָר פּאַראַכטאָגן,
בין איך געשטאַנען אַליין אין פעלד.

געצופּט אַ גראָז,
געקוקט אויף דער זון
און באַטראַכט די שיינע וועלט.

קומט מיר פּלוצים אויפן געדאַנק
בעקי די קו מיט איר פוילן גאַנג,
און עס דערוועקט זיך ביי מיר אַ באַגער
צו ווערן אַ קו... איר הערט אַ מאַנקאָליע!
טראַכט איך און טראַכט אַזוי פּאַוואָליע,
אַז אַ קו צו זיין איז אפשר כּדאַי,
אָבער ווען איז דאָס גערעדט געוואָרן,
אַז מען קאָן אויך פליען דערביי!
כ׳האָב אַזוי זיך לאַנג געישובֿט,
מיט דער דעה זיך געשלאָגן,
ביז מיין טראַכטן האָט מיך פאַרכּישופט
מיט אַ זינגען און אַ זאָגן,
מיך געהויבן און פאַרטראָגן
און פאַרטראָגן . . .
איך גיב אַ קוק — איך בין אַ קו!

נו, נו!
האָט מיך אָנגעכאַפּט אַן אימה:
וואָס האָב איך דאָ אָפּגעטון!
וואָס באַדאַרף איך די בהמה?
ווי באַפרייט מען זיך דערפון?

ווער איך בייז אַזש ווי אַ טיגער,
גיב אַ ריס זיך פון דער ערד!
ווײ איז מיר — איך פלי גאָר!
פלי און פלי און פלי, איר הערט?
איך בין שוין אויפן דאַך!

און אינמיטן, ווינד און ווײ,
דאַרף איך לייגן גאָר אַן איי!

איר לאַכט?
ס'אַ שיין געלעכטער, כלעבן,
אַן איי צו לייגן אינמיטן שוועבן
אין דער לופט.

ווערט מיר ביטער
און איך ציטער

און עס ברענט אויף מיר די הויט!
און ניט-טויט ניט-לעבעדיק,
האָב איך אַזוי-אַ שוועבנדיק,
מיט די לעצטע כּוחות אַ געשריי געטאָן
געוואַ—אַ-אַ—לד!
ווען ס'איז דאָס איי אַרויס
און האָט גענומען פאַלן

פאַלן

פאַלן

מיט אַ פייערדיקן גלאַנץ.
און ווען איך בין אַראָפּ אויף דרערד,
בין איך ווידער שוין געווען אַ גאַנדז.

נו, וויפל איז דער שיעור?
דאָס-איבעריקע ווייסט איר שוין פון פריער.
נאָר איך וועל שוין אַ צענטן דור פאַרזאָגן,
אַז מען טאָר זיך ניט באַקלאָגן
און ניט קלערן
וועגן עמיץ אַנדערש ווערן,
ווייל אַ קו צו זיין איז אפשר כּדאַי,
אָבער אַ גאַנדז — איז אַי-אַי-אַי!

## אַ מעשה מיט אַ שוועבעלע

ררר . . . רייב!
און דאָס שטעקעלע
קריגט אַ קעפּעלע
ווי אַ פֿייער־פֿלאַמיק עפּעלע.

בלאַזזז . . . ז!
און דאָס קעפּעלע
פֿליט אַוועק
און לאָזט איבער
אַ שוואַרצן פֿלעק.

נעם איך אַ לאַנגן טעלעסקאָפּ
און זוך און זוך דעם שטעקעלעס קאָפּ.

זע איך עס שטייט אַ טעפּעלע
מיט אַ גאָלדן דעקל:
זוך איך דאָרט דאָס קעפּעלע
פֿון מיין פֿינצטער שטעקל.

**ווי איך נעם דאָס דעקעלע אַראָפּ**
**און שטעק אַריין די האַנט —**
ווערט דאָס טעפּעלע אַ טאָפּ
מיט אַ ברייטן ראַנד!

שטעק איך אַריין די צווייטע האַנט,
שטעל אַריין אַ פיסל און דאָס צווייטע —
ווערט דער טאָפּ אַ פאַס אַ ברייטע,
שלינגט מיך איין און וואַקסט און וואַקסט
און ווערט אַ גאַנצער טאַנק,
הויך ווי אַ באַרג און ברייט און לאַנג.

בלייב איך שטיין, איך ריר זיך נישט פון אָרט.
און די פינצטערניש אַרום
איז אַ געדיכטע לאַנגע, שוואַרצע באָרד.

פלוצים פונדערווייטנס
פליט אַנטקעגן מיר אַ פייערדיקער ציירע (. .)!
גיב איך זיך אַ שטאַרק,
דערוואַרג די מורא,
און איך וואַרט.

און דער ציירע שטאַרט און שטאַרט
און יאָגט זיך גלייך אויף מיר מיט אַ געברום,
און וואָס נעענטער ער קומט,
ווערט אַלץ ליכטיקער אַרום.
דאָס ליכט איז אַזוי העל,
איך מוז די אויגן אַזש פאַרמאַכן.
אינדעם דערהער איך אַ געקוועל
און אַ לאַך־כאַ כאַ־כאַ כאַכן.

איך גיב אַ קוק —
עס שטייט לעם מיר אַ קאַשטאַן־פערדל,
מיט צוויי אויגן ברענענדיקע רויטע
און מיט פליגל צוויי צעשפּרייטע.

טראַכט איך:
דאָס האָט ער אויף מיר געיאָגט זיך הענדעם־פּענדעם,
אָבער וועמעס איז געוועזן דער גלענדער?

— וואונדער זיך נישט, יינגל,
זאָל דיר גאָרנישט זיין קיין חידוש!
דאָס האָב איך אַזוי געלאַכט,
כּדי מיט דיר אַ שפּאַס טאָן! —

**מאַכט דער פליענדיקער קאַשטאַן**
**אויף אַ קלאָרן פּראָסטן יידיש.**

זאָג איך: נו, אַ שיינער שפּאַס!
נישקשה פון אַ קליגל!
דער אמת איז, געשראָקן האָב איך זיך פאַר דיר
אַ האָר נישט!
נאָר גאָרנישט . . . כ׳וויים . . .
אַ פערד זאָל האָבן פליגל,
פֿליען צעפּאָלאָשעט,
און דערצו נאָך רעדן מאַמע-לשון . . .
כ׳וויים . . . איך טרעף דאָס פאָרט צום ערשטן מאָל!
. . . נאָר ניין! וואָס רעד איך?
כ׳האָב יאָ פון דיר אַמאָל געהערט!
דו מוזט אַוודאי זיין אַ פלעדער-פערד!
כ׳האָב וועגן דיר אַמאָל געלייענט אין אַ ביכל
גאָר אַ וואַזשנע מעשה מיט אַ יינגל.
ווי האָט ער געהייסן? דאַכט זיך מיכל-שיכל.
האָסט אים אויסגעפירט אַ וועלט אַ האלבע
איבער לענדער, איבער ימים,
און דערנאָך אַהיים געבראַכט צו טאַטע-מאַמע.

— געטראָפֿן, יינגל, בראַוואָ!
האָסט אַ קעפּל גאָר אַ זשוואַווע!
ביי מיין פעל און פליגל ברוינע,
כ'וועל דערפאַר דיר גוט באַלוינען!
זאָג מיר דיין באַגער,
און קריגסט אים אויפן אָרט!
ביי מיר איז גאָרנישט שווער:
דאַרפסט זאָגן נאָר איין וואָרט! —
האָט דאָס פערדל אויסגעשריגן
און געפאָכעט מיט די פליגל.

דערהערט אַזאַ מין שפּראַך,
זאָג איך: אַדוני פערד!
עס קלאַפּט מיין האַרץ מיט טיפער פרייד
צו הערן דיינע ליבע רייד.
און האָבן דיך געזען
און האָבן דיך געהערט —
איז שוין אַליין אַ לוין אַ גרויסע, פלעדער-פערד!
כ'וועל אָבער דאָך אַ טובה בעטן.

און נישט צו האַלטן דיר קיין לאַנגע דרשות,
זאָג איך קורץ: כ׳האָב צוויי בקשות.

— ערשטנס, — שלאָגט דאָס פערד מיר איבער, —
ווילסטו וויסן איצט, מיין ליבער,
וואָס עס איז געוואָרן מיטן קעפּעלע דעם רויטן.
און צווייטנס, ווילסטו
כ׳זאָל מיט דיר פון דאַנען גיכער מאַכן פּליטה.

וואונדער איבער וואונדער! — גיב איך אַ געשריי.
נאָר איידער כ׳האָב געענדיקט נאָך דאָס וואָרט,
גיט עס מיך אַ טראָג פון אָרט,
ווי כ׳וואָלט אַ שפּרינגענדיקער באַל געווען,
און כ׳ווייס נישט ווי אַזוי, איך ווייס נישט ווען:
איך בין געבליבן זיצן אויפן רוקן פון דעם פערד —
אַ פליענדיקער רייטער, הויך איבער דער ערד.

מיר זיינען לאַנג אַזוי געשטויגן און געפלויגן
אין אַ פאַרמעסט מיט ווינטיקן געיעג,
נאָר די שנעלקייט האָט געשווינדלט אין די אויגן
און געשטאָקט מיט פינצטערניש דעם וועג.

פלוצים האָט אַ בלענד געטאָן אַ ליכט
און ס׳האָט זיך אָפּגעשטעלט דער בלינדער פּלי.
— שטייג אַראָפּ, — זאָגט פלעדער־פערד צו מיר, —
מיר זיינען שוין ביים סוף, אָט איז די טיר.

בין איך אַראָפּ און האָב דערזען
אַ טיר ווי אַלע טירן,
נאָר קיין הויז איז נישט געווען
וואוהין די טיר זאָל פירן.

— באַטראַכט די טיר, — זאָגט פלעדער־פערד
און גיט אַ פּאָך מיט זיינע פליגל.
פאָלג איך אים און קוק אויף איר:
ווערט די טיר אַ שפּיגל.

זע איך אין דער טיר עס שוועבט
אַ פייער־פלאַמיק בלימל,
פליט און פליט, אַרויף־אַרויף
העכער־העכער צו דעם הימל.

— דאָס, —זאָגט פלעדער־פערד צו מיר, —
איז דאָס פאַרלוירן קעפּעלע פאַרשוואומען:
עס פליט איצט צו דער זון אַרויף,
צוריק פון וואַנען ס׳איז געקומען.

פאַראַן אַזעלכע קעפּעלעך
אויף דער זון אַ סך.
זיי קומען ווען די שטעקעלעך
רעדן זייער שפּראַך.

זיי זיינען צאַרטע ציטערלעך,
ציטעריקע פליטערלעך.

גיבן שטעקעלעך אַ רייב —
קומען זיי צופליען,
גיבן ווינטעלעך אַ טרייב —
אַנטלויפן זיי,
פאַרפליען צו דער זון,
צוריק אַהיים.

. . . און איך, מיין יינגל,
מוז שוין אויך איצט גיין.
עס שלאָגט די שעה,
מיר מוזן זיך צעשיידן:
עס וואַרטן וועגן ווייטע אויף אונדזביידן.

מיין וועג איז אויף דער זייט,
איך וואוין אין פּאַפּיר.
דיין וועג איז אויף דרערד,
פון יענער זייט טיר.

זיי מיר געזונט, מיין יונגער פריינט,
זיי מיר געזונט, אַ גליקלעכן וועג,
עפן די טיר און גיי אַריין! —
האָט דאָס פערדל געזאָגט און איז אַוועק.

אין דער פינצטער איינער־אַליין
בין איך אַ ווײלע געבליבן שטיין,
דערנאָך געגעבן די טיר אַ עפן,
אַריבער די שוועל און . . . איר וועט ניט טרעפן:
איבערגעבויגן איבער מיין בעט
איז געשטאַנען מיין מאַמע
און האָט מיך געגלעט.

## הימלקראַצער

הימלקראַצער,
וואָלקנשטעכער,
ווייסט קיין גרעניץ,
וויל נאָר העכער,
העכער לויפן
און זיך שרויפן —
צו די שטערן
זיך דערשרויפן,
צו דער זון
און דער לבנה,
וואו סכנה
שרויפט די וועגן
צו דעם אָנענד.

# לעמיַיזע לעמיזע

לעמייזע
לעמיזע
לעמייזע
לעמויז,
אַרוים פון
מיין הייזע
לעהיזע
לעהויז,
אַניט וועט
אַ קעצע
לעקיצע
לעקאַץ
דיר געבן
אַ קרעצע
לעקריצע
לעקראַץ!

לעמייזע
לעמיזע
לעמייזע
לעמויז
דערשרעקט זיך

און לויפט
פון דעם הייזל
אַרויס.

אין ברייטן
אין גרויסן
אינדרויסן
אַליין
בלייבט מיין
לעמייזע
לעמיזעלע
שטיין.

וואָס טוט מען,
וואו רוט מען,
וואו גייט מען
אַצינדערט?
ווייסט ניט
לעמייזע
און וואונדערט זיך
וואונדערט.

צו מזרח,
צו מערב,
צו צפון
און דרום
עס שטייען
פיר אָפענע וועגן.
ווייסט ניט
לעמייזע
דעם ריכטיקן וועג
און האָט ניט
ביי וועמען
צו פרעגן.

געטראַכט און
געקלערט און
געקנייטשלט דעם שטערן
אַ רונדע
סעקונדע
לאַנג ווי אַ שעה —
גיט זיך
לעמייזע

אַ קלאַפּ
אין קאָפּ,
און האָפּ
האָפּ
האָפּ
אַ פּלאַן איז דאָ!

לעמייזע כאַפּט אַ שוואַרצן טוך,
זאָגט אויף שנעל אַ כּישוף־שפּרוך,
וואָס געהערט האָט לעצטן שבת
פון די אַלטע מויזן־באָבעס.
אַ ווערטל אַהין,
אַ ווערטל אַהער,
אַ פליי פון אַ בין,
אַ גיי פון אַ בער —
איך בין אַ הונט מיט אויערן,
איך עפן טיר און טויערן!

פליט די בין אַריין אין הויז,
טרייבט לעקיצעלען אַרויס.
אין דרויסן ווערט די בין אַ הונט —
פאַלט לעקיצען איין ס׳געזונט,

און לויפן נעמט זי
און זיך יאָגן
וואוהין די אויגן אירע טראָגן.

אָנגעקומען אין אַ וואַלד,
נעמט זי שרייען מיאַו! געוואַלד!
האָרבעט אָן אַ קעמל־פּלייצע,
שרייט און
שפּייט און
וויינט און
דרייט זיך.

טראַכט דער כּלב ניט קיין סך
און ער גיט אַ ווער אַ — בער.

פאַלט לעקיצען איין דאָס חיות,
נעמט זי שרייען איבערנייעם:
האָב רחמנות,
ליבער בער,
זאָג מיר
וואָס איז
דיין באַגער!

מיין באָפּעל איז,
זאָגט דער בער,
טשעפּע ניט
לעמייזען מער!

שרייט לעקיצע:
כ'שווער, איך שווער
ביי מיין זיידנס שוואַרצער פעל
אָפּצוהיטן דיין באָפּעל!

ציילט דער בער
פון איינס ביז צוועלעף —
און ער ווערט צוריק
אַ כּלב.

שרייט דער כּלב:
רין־טין־טין —
און ער ווערט צוריק
אַ בין.

און די בין פליט אין אַ קרייזל —
און זי ווערט צוריק
לעמייזל.

דערזעען דעם נס,
האָט געטאָן אַ פאַרגעס
לעקיצע איר שנאה איגנאַנצן,
און ס'האָבןביידע
גוטע פריינט
גענומען הוליען
און טאַנצן.

געטאַנצט האָט לעקיץ
און געטאַנצט האָט לעמויז
און זיינען אַריין
צוריק אין הויז.
זיי זיינען געוואָרן
גאָר-גוטע פריינט,
און לעבן בשלום
נאָך ביז היינט.

## רויטעדי

צווישן ווילדע דערנער
וואַקסט אַ שיינע רויז,
קומט אַ ציג מיט הערנער,
הערנער אַזוי גרויס.

הער נאָר אויס אַ מעשה,
אַ מעשה הער נאָר אויס —
די ציג איז אַ ווייסע,
אַ רויטע די רויז.

רויטעדי
רויטעדי
רויטעדי
רויז,
די ציג איז אַ ווייסע,
אַ רויטע די רויז.

## וויג־ליד

פון דער ערגיצדיקער ווייט,
פון די קומענדיקע יאָרן,
איז אַ ציגעלע אַ ווייס
געקומען צופאָרן.

געקומען צופאָרן
פון העט־העט־העט,
געשטעלט זיך דאָ
ביי אפרים׳ס בעט.

אינאיינעם מיטן ציגעלע
אַזוי און אַזוי
איז געקומען צופליען
אַ פייגעלע בלוי.

האָט דאָס ציגעלע געבראַכט
וואָס אַ ציגעלע טוט האַנדלען:
באָקסערן און טייטלען,
ראָזשענקעס מיט מאַנדלען.

און דאָס פייגעלע דאָס בלויע
האָט געבראַכט אין מויל אַ בלאַט —
אָנצושרייבן די געשיכטע
פון דעם יונגן יאַט.

## אידיליע

אַ טיש. אַ טישטוך.
אַ לעבל ברויט.
גאָפּל. מעסער.
אַ הייפּטל קרויט.

אַ מאַן. אַ פרוי.
אַ זון. אַ קינד.
אָוונטברויט.
אַ הויזגעזינט.

אַרבעט, מי
אַ גאַנצן טאָג.
איצטער רו
פון זאָרג און יאָג.

## יוגנט־געזאַנג

זאָלן די צייטן זיך בייטן,
די צייטן פון יאָר:
פֿאַר אונדז איז דער בייט פון דער צייט
בלויז אַ שטאַפּל
פון חלום
צו וואָר.

זאָלן זיך שווינגען
די בויגנס און רינגען
און אײַלן די ווײַלן פון קרײַז:
מיר גייען פֿאָראויס
און מיר זינגען און קלינגען
און לערנען פון טרעף און פון גרײַז.

מיר זײַנען די פרייד
פון דער זון און פון שטורעם,
מיר זײַנען אַליין די פיר צייטן פון יאָר,
פֿאַר אונדז איז דער בייט פון דער צייט
בלויז אַ שטאַפּל
פון חלום
צו וואָר.

# אַ פערטל יאָרהונדערט

(צום 25־יאָריקן יובילײ פֿון „קינדער־זשורנאַל“)

אַ פערטל יאָרהונדערט מיט מעשות און גראַמען
שטייען דאָ איצט אויף דער שוועל,
זיי קוקן פאַרוואונדערט אַרוים פון די פלאַמען,
וואָס האָבן פאַרוויקלט די וועלט.

— ווער זענט איר געזאַנגען און מעשות פאַרטרויערט?
קומט נענטער אַריין, ליבע געסט.
— מיר קומען פון שלאַכטפעלד, פון געטאָס פאַרטויערט
צוריק צו דער אייגענער נעסט.

אָט־דאָ אויף די בלעטער מיר האָבן געזונגען,
מיר האָבן דאָ יאָרן געבליט,
מיר האָבן דאָ גלעקער פון פרייהייט געקלונגען
און אַקערס פון שווערדן געשמידט.

מיר האָבן דאָ דראַמעס און העלדן באַשאַפן,
מיר האָבן דאָ פריילעך געשטיפט,
מיר האָבן דאָ קינדער געפירט צו אַ האַפן,
פון חלום צו וואָר זיי געשיפט.

איצט זיינען מיר ווידער אַהערצו געקומען,
פון וואַנען מיר זיינען אַוועק,
מיר האָבן געבראַכט אייך אַ גרוס אויפן גומען
פון ברידער אויף יענער זייט ברעג.

מיר קומען פון וועלדער און פעלדער און גריבער,
פון געטאָס פאַרמויערטע, פאַרבויט,
וואו אייניקלעך נייע פון שמשון הגיבור
באַזיגן דעם שונא אין טויט.

מיר האָבן דאָרט אָנגערייצט אונדזערע בערן
און אונדזערע לייבן און וועלף,
עס קעמפט אויך די זון און עס קעמפן די שטערן,
עס רוקט זיך דער זייגער צו צוועלף.

מיר ברענגען אַ גרוס פון דער גרויסער בהלה,
וואו קעמפער אין ביטער געפעכט
פאַרגרייטן די מאַפּע פון רשע׳ס מפּלה,
אַ וועלט וואָס איז ניי און גערעכט.

און איצט אויף דער שוועל פון אַ פערטל יאָרהונדערט
מיר רופן צו ווייטערן גאַנג —
זאָל ווערן די וועלט פון דער שאַפונג פאַרוואונדערט
און אויפגיין אין לויטער געזאַנג.